יידישער ,וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט”, נומער 4

# עטנאָגראַפישע אַנקעטעס

## העפט 1: יומטובים

ווילנע / 1928

יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט", נומער 4

# עטנאָגראַפישע אַנקעטעס

## העפט 1: יומטובים

ווילנע / 1928

Żydowski Instytut Naukowy. Serja „Organizacja Nauki Żydowskiej", № 4. Kwestjonarjusze ludoznawcze, zeszyt pierwszy: Jontojwim (Święta Żydowskie).

---

Yiddish Scientific Institute, Folklore Committee
Lists of queries, 1: Jewish Holidays.

Drukarnia B. Cjonsona i S-ka, Wilno, Trocka 13.
דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפּ׳, ווילנע, טראָקער 13.

# צו אַלע פריינד און ליבהאָבער פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג!

די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע ווענדט זיך צו אייך מיט אַ הייסן רוף, בפרט צו די לערער פון אַלע יידישע שולן, צו דער יוגנט אָן אונטערשייד פון ריכטונג:

העלפט אונדז צונויפקלייבן די אוצרות פון דער יידישער פאָלקסשאַפונג!

איבער שטעט און שטעטלעך פון דער גאַנצער וועלט, וואו ס׳לעבט נאָך די יידישע שפּראַך, וואו ס׳קלינגט נאָך דאָס יידישע ליד, וואו ס׳וועבט זיך נאָך די יידישע מעשה און ס׳איז נאָך ניט פאַרשטויסן דער יידישער מנהג, זיינען צעוואָרפן די אוצרות פון אונזער פאָלקסשאַפונג. לאָזט זיי ניט פאַרפאַלן ווערן!

זאַמלט זיי צונויף, אָט די רעשטלעך פון דעם אייגנס, וואָס אַמאָליקע דורות האָבן אונדז געלאָזן בירושה.

אַלץ איז פאַר אונדז וויכטיק: ווערטלעך, גלייכווערטלעך, מעשיות, אַנעקדאָטן, זאַבאַבאָנעס, סגולות, רפואות, פורים-שפּילן אאַז״וו אאַז״וו.

גלייכצייטיק ווענדט זיך די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע צו אַלע מוזיקער, קענער פון נאָטן-שרייבן, ווײַל ס׳איז טייער דער גורל פונעם יידישן פאָלקס-מאָטיוו:

פאַרשרייבט די ניגונים פון יידישע פאָלקסלידער, טענץ, פורים-שפּילן, העלפט זיי צו פאַרשרייבן אונזערע זאַמלער אויף די ערטער, פאַרבינדט זיך מיט אונדז.

יעדער איינער קען אונדז דאָ קומען צו הילף, ווען ס׳איז נאָר טייער די יידישע קולטור.

ביים פּובליקירן די מאַטעריאַלן אין די „שריפטן״ פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט וועט יעדער צושיקער ווערן דערמאָנט.

פריינד און סימפּאַטיקער, רופט זיך אָפּ! ווענדט זיך צו אונדז נאָך אינסטרוקציעס און אַנקעטעס!

דער אַדרעס פאַר אַלע שיקונגען פאַר דער עטנאָגראַפישער קאָמיסיע איז:

געזעלשאַפט „פריינד פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט״,
ווילנע, גרויס-פּאָהולאַנקע 18.

T-wo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego,
Wilno, W. Pohulanka 18.

אין משך פון 1926—1927 האָט די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע ריי אַנקעטעס וועגן יידישע יומטובים. דער צוועק פון די אַנקעטעס איז געווען צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אונדזערע זאַמלער אויף אַ ניי געביט און צו פאַראינטערעסירן קענער פון דעם פאָלקס לעבנס-שטייגער מיט אַן ענין וואָס איז ביז היינט נאָך פון קיינעם כמעט ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן: מיט די יידישע יומטוב-מנהגים.

הונדערטער ענטפערס, באַשרייבונגען, ידיעות פון אינטערעסאַנטע, טייל-מאָל גאָר וויכטיקע מנהגים זיינען אָנגעקומען פון שטעט און שטעטלעך:

מנהגים פון וועלכע מיר האָבן בכלל ניט געוואוסט אָדער וואָס מיר האָבן ניט געהאָפט זיי מער צו געפינען האָבן זיך אַרויסבאַוויזן ערגעץ אין אַ קליין פאַרוואָרפן שטעטל.

דאָס אַלץ האָט אונדז נאָך מער באַשטעטיקט די ריכטיקייט און די וויכטיקייט פון אונדזער אָנגעהויבענער אַרבעט.

יעדעס קלענסטע שטעטעלע, יעדער ישוב, ווי קליין און ווי פאַרוואָרפן ער זאָל ניט זיין, האָט זיינע מנהגים וואָס מוזן אויסגעפאָרשט ווערן.

ס'קען זיך דוכטן אין ערשטן מאָמענט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד אין די מנהגים: דינים זיינען דאָך דיזעלבע און מען טאָר זיי ניט ענדערן. אָבער דאָס לעבן טוט זיך דאָס זייניקע, און דער מנהג וואָס איז אין איין אָרט אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך רופט אין אַ צווייטן אָרט אַרויס דעם גרעסטן חידוש.

דער וואָס האָט זיך איינגעלעבט מיט אַ מנהג מיינט אָפטמאָל, אַז עס איז גאָרניט כדאַי אים צו פאַרשרייבן, ווייל „אַלע ווייסן דאָך דאָס". ניטאָ קיין גרעסערער פעלער ווי דער. אונדזער אייגענע פראַקטיק האָט שוין דאָס געוויזן אין אַ גענוגער מאָס. מיר חזרן דערפאַר איבער דאָס וואָס מיר האָבן שוין ניט איינמאָל געזאָגט: פאַרשרייבט אַלץ, פאַרשרייבט גענוי, ווייל אַלץ האָט אַ ווערט פאַר דעם פאָרשער!

*

אין דער דאָזיקער נייער אויסגאַבע פון די אַנקעטעס וועלכע האָבן זיך אין משך פון 1926—1927 געדרוקט אין די „ידיעות פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט" זיינען שוין גענומען אין אַכט די ענטפערס און אינפאָרמאַציעס, וואָס די זאַמלער האָבן אונדז צוגעשיקט. מיר האָבן צוגעגעבן נייע פראַגעס, טיילווייז די פריערדיקע געענדערט.

די אַנקעטעס שעפן אָבער לגמרי ניט אויס אַלע יידישע יומטוב-

מנהגים. אַ סך זאַכן זיינען דאָ געוויס ניט דערמאָנט. דאַרפן די זאַמלער אונדז אויף דעם אויפמערקזאַם מאַכן אין זייערע באַשרייבונגען.

די פראַגעס דאַרפן זיין פאַרן זאַמלער נאָר אַן אָנשפּאַר, זיי דאַרפן אים העלפן זיך צו אָריענטירן: אויף וואָס אַכטונג צו געבן, אויף וואָס זיך נאָכצופרעגן. אַם בעסטן איז אויסצונוצן צו דעם צוועק די יומטובים גופא, אין משך פונעם גאַנצן יאָר. מען קען דעמאָלט אַליין אַלץ באַטראַכטן, נאָכזען און דערגיין.

אויב דעם זאַמלער איז אומבאַקאַנט אַ מנהג אויף וועלכן מיר פרעגן זיך, זאָל ער דאָס אויך קלאָר אויסשרייבן, ווייל ס'איז זייער וויכטיק צו וויסן: ווי גרויס איז די טעריטאָריע, וואו עס איז יאָ פאַרשפּרייט אַזאַ און אַזאַ מנהג.

אויב ס'איז עפּעס ניט קלאָר, ווענדט זיך צו אונדז נאָך אויפקלערונג.

*

מיר זאָגן דאָ אונזער וואַרעמסטן דאַנק די אַלע וואָס האָבן אונדז געהאָלפן ביזאַהער אין דער אַרבעט פון בויען מיט געמיינזאַמע כוחות אַ געמיינזאַמע זאַך, — סיי די, וואָס זיינען צו אונדז מיט אַ סך געקומען, סיי די וואָס האָבן געבראַכט נאָר אַ ביסל.

די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע פאַרמאָגט שוין היינט אַ סך מאַטעריאַל. אָבער אין פאַרגלייך מיט דער גרייס פון דער אויפגאַבע איז נאָך ווינציק אויפגעטאָן געוואָרן. אונדזער רוף מוז דערגיין צו אַלע יידישע ישובים איבער דער גאַנצער וועלט, אין די גרויסע שטעט אַזוי גוט ווי אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען. עס מוז אונדז קומען צו הילף יעדער איינער, וועמען עס איז טייער דער קולטורעלער אויפבלי פון די יידישע פאָלקסמאַסן.

סוף מאַי 1928.

## כּללים פאַר זאַמלער פון עטנאָגראַפישן מאַטעריאַל

1. איר זאָלט קיינמאָל ניט מיינען, אַז איר פאַרשפּאָרט צו פאַרשרייבן עפּעס, ווייל „ס'איז שוין געוויס פאַראַן". האָט אין זינען: בעסער צו פיל, איידער צו ווינציק. ס'קאָן זיין, אַז די זאַך איז שוין טאַקע פאַרצייכנט, נאָר אַ ביסל אין אַן אַנדער נוסח; און חוצדעם איז פאַר דער וויסנשאַפט וויכטיק פעסטצושטעלן, ווי ווייט עס גרייכט דער שטח וואו אַן עטנאָגראַפישע דערשיינונג איז פאַרשפּרייט.

2. מיטטיילן דאַרף מען קודם-כּל דאָס אין וואָס מען איז איינגאַנצן זיכער. אויב ס'איז ביי אייך גופא אַ ספק, גיט צו: „דוכט זיך", „לייט זאָגן", „דער און דער זאָגט". אויב איר ענטפערט אויף אַן אַנקעטע, שרייבט אויס וועגן וועלכע פראַגן איר ווייסט גאָרניט.

3. דעם מאַטעריאַל שיקט בעסער צו ביסלעכווייז. אויב ס'איז אייך עפּעס ניט קלאָר, פרעגט זיך אָן.

4. פאַרשרייבן דאַרף מען, ווי ווייט מעגלעך לויט דער אָרטיקער אויסשפּראַך, ניט „ליטעראַריש“. אויך ווערטער פון העברעאישן אָפּשטאַם דאַרפן געשריבן ווערן לויט דער אויסשפּראַך.

5. פאַרלאָזט זיך ניט צו שטאַרק אויף אייער זכרון. אַ גוטער זאַמלער האָט אַלעמאָל ביי זיך אַ בלאָקנאָט מיט אַ בלייפעדער און פאַרצייכנט באַלד, אויב ער הערט עפּעס אינטערעסאַנטס.

6. ניט אָנשטענדיקע, גראָבע זאַכן דאַרפן אויך פאַרשריבן ווערן. די עטנאָגראַפיע קומט ניט מיט קיין עסטעטישער מאָס און פאַרצייכנט אַלצדינג וואָס עס איז דאָ אין פאָלקסלעבן.

7. פאַרשרייבט וואָס פּינקטלעכער: וואַרפט גאָרניט אַרויס, גיט גאָרניט צו. מען דאַרף ניט וועלן מאַכן „שענער“; מען דאַרף געטריי איבערגעבן אַלע ווענדונגען און ווערטלעך אַזוי ווי מען האָט געהערט.

8. אויב איר ברענגט פאָלקסווערטער, וואָס זיינען באַקאַנט נאָר אין אייער געגנט, אָדער אין דער ליטעראַטור ווערן זיי באַנוצט מיט אַן אַנדער פּשט, גיט אונטער דעם צו די ערקלערונג.

9. די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע דאַרף איבערקוקן אַ סך מאַטעריאַל, און איר מוזט זען ווי ווייט מעגלעך איינצושפּאָרן איר איבעריקע אַרבעט.

זייט זיך דעריבער נוהג אַזוי:

א) יעטווידער דערשיינונג (ליד, גלייבונג, מעשה) פאַרשרייבט אויף אַ באַזונדער בלאַט פּאַפּיר; ביי קליינע פאַרשרייבונגען ניצט קוויטלעך 9×11 צענטימעטער (אַ פערטל פון אַ שרייבהעפט־בלעטל), ביי גרעסערע — טאָפּעלע אָדער פירפאַכע קוויטלעך.

ב) ווען איר הייבט אָן שרייבן, טרעט אָפּ פון אויבן אויף אַ פינגער די ברייט און לאָזט אַ פרייען ברעג; דערנאָך שרייבט אָן אויבן די שטאָט, דעם קרייז (פּאָוויאַט) און די פּראָווינץ, וואו איר האָט דאָס פאַרשריבן.

ג) אויב עס האַנדלט זיך וועגן קליינע זאַכן (למשל — שפּריכווערטער), וועלכע איר ווילט ניט שרייבן אויף באַזונדערע קוויטלעך, לאָזט אומבאַדינגט צווישן איין זאַך און דער צווייטער אַ פרייען אָרט פון צוויי פינגער די ברייט.

ד) אויב דער מאַטעריאַל איז געהערט פון אַ צווייטן, שרייבט צו אונטן פון וועמען.

ה) גאָר אונטן שרייבט אָן די דאַטע און אייער נאָמען.

ו) שרייבט אומבאַדינגט נאָר אויף איין זייט פּאַפּיר.

# שבת=שירה

אין אַ סך געגנטן איז מיטן שבת, ווען מען לייענט פרשה בשלח, פאַר=בונדן אַ מנהג פון געבן די פייגעלעך עסן.

פאַרשיידענע מעשיות גייען אַרום וועגן אָט דעם שבת און וועגן דעם אויפקום פון דעם מנהג.

1. וואָסערע דערקלערונגען גיט מען אויף דעם נאָמען „שבת=שירה"?
2. וואָסערע מעשיות זיינען פאַרבונדן מיט דעם שבת?
3. וואָסערע הכנות ווערן געמאַכט לכבוד שבת=שירה?
4. פאַרוואָס שטעלט מען אין טשאָלנט גרויפּן? (אין אַ טייל געגנטן הייסן זיי „גאָגעלעך"; ווי אַזוי נאָך?).
5. פאַרוואָס גיט מען די פייגל נאָר גרויפּן און ניט קיין אַנדער מאכל?
6. וואָס טוט מען מיט די ברעקלעך נאָכן עסן?
7. פאַרוואָס שפּייזט מען די פייגל און ניט קיין אַנדערע באַשעפעענישן?

(לויטן פּראָיעקט פון זאַמלערקרײַז אין מאָסקווע)

# פּורים

פּורים איז אַן אַלטער פאָלקס=יומטוב. אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פּייערט מען פּורים נאָך היינט ווי אין די פאַרגאַנגענע יאָרן מיט פאַרשטעלערס, גראַגערס, פּורים=שפּילן אאַז"וו. אַלטע לייט דערציילן אונדז, אַז ס'איז ניט דאָס וואָס ס'איז אַמאָל געווען. מיר אַליין געדענקען פון די קינדערשע יאָרן אַ סך שיינע מאָמענטן וואָס דער היינטיקער פּורים האָט זיי שוין ניט. אָבער אויך דאָס ביסל וואָס איז אונדז היינט פאַרבליבן קען אונדז פאַרפאַלן גיין און פאַרגעסן ווערן, אויב מיר וועלן זיך באַצייטנס ניט נעמען צו דער אַרבעט. און לאָזן לאָזט זיך נאָך אַ סך אויפזאַמלען. ס'לעבן נאָך אין די שטעטלעך פּורים=שפּילער, און זיי געדענקען גוט אַלטע פּורים=שפּילן, וואָס זיי אַליין האָבן געשפּילט פאַר 40 אָדער 50 יאָר. ס'לעבן נאָך אַלטע יידן וואָס קענען אונדז אַ סך דערציילן ווי ס'האָט אויסגעזען פּורים אין אַמאָליקע יאָרן.

מען דאַרף זיי נאָר אויפזוכן, אויספרעגן און פאַרשרייבן וואָס זיי ווייסן.

1. קוקט זיך צו גוט און גיט אונדז אַ גענויע באַשרייבונג ווי ס'זעט אויס פּורים ביי אייך אין שטעטל. (פרעגט זיך נאָך און מאַכט אַ באַשרייבונג פון אַמאָליקן פּורים).

2. ווי אַזוי „שלאָגן" די יינגלעך המנען ביים דערמאָנען זיין נאָמען אין דער מגילה? א) וואָס פאַר אַ מכשירים (גראַגערס, שרייערס, קאַלאַקאָטקעס,

ביקסל אד״גל.—ניט אָן געגוי זייערע נעמען!) אָדער מיטלען (שרייבן אויף דער פּאָדעשווע) באַנוצן זיי? וואָס זאָגן זיי דערביי (ימח שמו, שם רשעים ירקב)? ב) שיקט אונדז צו מוסטערן פון די אַלע מכשירים, אָדער, אויב ס׳איז אייך ניט מעגלעך, איז כאָטש צייכענונגען, באַשרייבונגען ווי אַזוי זיי זעען אויס. ג) ווי אַזוי „שלאָגן המנען״ דערוואַקסענע (שלאָגן מיט די פיס, קלאַפּן מיט די שטענדערס)? ד) צי איז באַקאַנט ביי אייך דער מנהג: אויסשניצן פון האָלץ אַ המן אָדער אויסמאָלן אים מיט קרייד? אויב ניט, פרעגט זיך נאָך, צי עמעץ ווייס פון דעם. ה) אין אַנדערע שטעטלעך פלעגט מען אַמאָל אָנטון אַ גוי פּאַר אַ „המן״, אים אָנשיכּורן און אַזוי, באַגלייט פון דער „ווייסער חברה״, אַריינפירן אין שול. דער מנהג איז שוין היינט כמעט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. פרעגט זיך נאָך אויף אים.

3. צי קלייבט מען ביי אייך מגילה־געלט און ווי אַזוי?

4. וואָס פאַר אַ ווערטלעך זיינען אייך באַקאַנט וואָס האָבן אַ שייכות צו פורים (המן, מגילה, סעודה) צ״ב: יידישע—ניט אַזוי פון אַהבת מרדכי ווי פון שנאת המן; ער הערט אים ווי אין טשערנאָוויץ די מגילה; מען הערט די מגילה ווי דעם רב, דעם רב ווי די מגילה און ביידע ווי דעם פּאַראַיאָריקן שניי. ניט־יידישע — פורים נע סוויאַטאָ (ווייסרוסיש); פורים ניקאַ נע טורים (ליטוויש).

5. צי זיינען אייך באַקאַנט אַנדערע טעג אין יאָר וואָס מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן פורים צוליב אַ גרויס, וויכטיק געשעעניש. צ״ב: פּאָווידל־פורים (יט—כ אדר) אין טשעכיע; פורים אברהם דאַנציק (טו כסלו) צום אָנדענק וואָס מען איז ניצול געוואָרן פון אויפרייס אין ווילנע אין 1804; פורים פון ז׳ תמוז אין אָסטרע (וואָלין). ווי אַזוי איז מען זיך נוהג אין די טעג? פרעגט זיך נאָך ווי אַזוי האָט מען זיי אַמאָל געפייערט.

6. א) וואָס פאַר אַ ספּעציעלע מאכלים מאַכט מען אויף פורים (ווי אַזוי הייסן זיי און ווי אַזוי מאַכט מען זיי)? ב) וואָס פאַר אַ ספּעציעלע געבעקסן (המנטאַשן, קרעפּלעך, מאָנעלעך א״אַנד), צוקערוואַרג (אותיות, שרה בענטשט ליכט, מענטשעלעך)? ווי אַזוי זעען זיי אויס? ווי אַזוי מאַכט מען זיי? ג) אויב איר האָט נאָר די קלענסטע מעגלעכקייט, שיקט אונדז צו מוסטערן; אויב ניט איז כאָטש צייכענונגען אָדער באַשרייבונגען פון די געבעקסן.*

---

* דווקא אויף דער פראַגע וועגן די יומטוב־געבעקסן וועלכע מיר האָבן געשטעלט כמעט אין אַלע אַנקעטעס האָט מען זיך ביזאַהער ווינציק אָפּגערופן. אפשר איז דאָס אַ ביסל אַרויסגערופן דורך דעם, וואָס צושיקן אַזעלכס פאָדערט שוין אַ הוצאה. אָבער אַ סך מער איז שולדיק דאָס וואָס ניט איין זאַמלער האָט זיך געקלערט „זיי מיינען דאָרט אַוודאי, אַז ביי אונדז זיינען פאַראַן טאָקע עפּעס גאָר וואונדערלעכע געבעקסן. וואָס וועל איך זיי שיקן, אַ חלה?״

7. ווי אַזוי זעט אויס די פורימדיקע סעודה?

8. צי שיקט מען ביי אייך שלח־מנות? א) וואָס, צו וועמען און ווי אַזוי שיקט מען? ב) ווער טראָגט פונאַנדער?

9. צי גייען אַרום ביי אייך בייטאָג „פּורים־פאַרשטעלערס“?

אויב יאָ: א) וואָס פאַר אַ מאַסקעס טראָגן זיי? ב) אין וואָס פאַר אַ קאָסטיומען גייען זיי? ג) אויב איר קענט, שיקט אונדז צו פאָטאָגראַפיעס פון די מאַסקעס, קאָסטיומען אָדער כאָטש צייכענונגען, באַשרייבונגען. אויב ניט, פרעגט זיך נאָך, צי זיי זיינען ווען געגאַנגען און ווי אַזוי זיי זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן.

10. צי גייט מען ביי אייך מיט פורים־שפּילן איבער די הייזער? אויב יאָ: א) ווען גייט מען: בייטאָג צי אויפדערנאַכט? ב) ווער זיינען עס די פורים־שפּילער? ג) וואָס שטעלט מען? ד) באַקענט זיך מיט די פורים־שפּילער. פאַרשרייבט ביי זיי די פורים־שפּילן. אויב ס׳איז פאַראַן ביי אייך אַ נאָטן־קענער, זעט אים צוציען צו דער דאָזיקער אַרבעט, און זאָל ער פאַרשרייבן די נאָטן צו די פורים־שפּילן און צו די פורים־לידער.

11. וואָס פאַר אַ פורים־שפּילן פלעגט מען אַמאָל שטעלן? פרעגט זיך נאָך. אויב איר קענט בשום אופן ניט באַקומען גאַנצע פורים־שפּילן, פאַרשרייבט דאָס וואָס מען געדענקט. אויב דאָס איז אויך ניט מעגלעך, ווערט געוואויר ווי אַזוי זיי האָבן געהייסן. למשל ס׳גייען אַרום נאָך היינט פראַגמענטן

---

ניט אין אויסטערלישע זאַכן גייט אונדז, נאָר אין מוסטערן פון געוויינלעכע יומטובדיקע געבעקסן. יעדער יומטוב האָט דאָך זיינע געבעקסן און געבעקס־פאָרמען, וואָס זיינען פון דער טראַדיציע געהייליקט פונקט ווי יעדער אַנדערער מנהג. און יעדע געגנט האָט דאָך נאָך אירע באַזונדערע פאָרמען, אַנדערע נעמען פון דיזעלבע געבעקסן. פון וואַנען נעמט זיך דאָס אַלץ? מיר קענען היינט נאָך גאָרניט באַשטימטס זאָגן, כל־זמן מיר האָבן ניט קיין פולשטענדיקע זאַמלונג געבעקסן פון פאַרשיידענע יידישע ישובים. איינס ווייסן מיר אָבער, אַז די אַלע פאָרמען זיינען אַלטע און אַ טייל פון זיי זייער אַלטע, אַז אַ טייל זיינען אויסגעקומען אין די דייטשישע, טייל אין פראַנצויזישע געטאָס.

ס׳קען געמאָלט זיין, אַז אַ גוטע זאַמלונג פון אַלטע געבעקסן פון אַ געוויסער געגנט זאָל געבן אַ וויכטיקן צושטייער צו דער קולטור געשיכטע פון יידן אין יענער געגנט, און אַפילו גאָר אַ געוויינלעכע חלה קען אַמאָל לאָזן עפּעס הערן.

און אַחוץ אַלץ ליגט אין דער דאָזיקער פאָרמען־רייכקייט אַן אַלטע יידישע פאָלקסקונסט, וואָס ווי אַלץ אין דער פאָלקסשאַפונג איז דאָס געגאַנגען בירושה פון מוטער צו טאָכטער, אָפּגעהיט און אויפגעהיט ביז אויפן היינטיקן טאָג.

אונדזערע זאַמלער מוזן אויך להבא דאָס שטענדיק האָבן אין זינען.







פון אַלטע פּורים־שפּילן וואָס מען פלעגט שפּילן אַמאָל אין גאַליציע ווי: „די איינגעמויערטע פרוי", „קאַרמעלין־שפּיל", „וועסעלע", „דאָבאָש־שפּיל" א"אַנד.

12. ווי אַזוי גייען אָנגעטאָן די פּורים־שפּילער? וואָס פאַר אַ קאָסטיומען? אויב ס'איז מעגלעך, פאָטאָגראַפירט זיי, אויב ניט, שיקט אונדז צו צייכענונגען אָדער באַשרייבונגען.

13. וואו שפּילט מען און וואו האָט מען געשפּילט (אין פּריוואַטע הייזער, צי אין שענקען אָדער אַנדערשוואו)?

14. צי איז אייך באַקאַנט דער „פּורים־בער"? אויב ניט, פרעגט זיך נאָך.

15. צי קענט איר פּורים־לידלעך: אין יידיש, אין אַנדערע שפּראַכן? אויב ס'איז מעגלעך, שיקט אונדז צו מיט נאָטן.

16. צי קלייבט מען אויס ביי אייך (אָדער פלעגט מען אַמאָל אויסקלייבן) אַ פּורים־רב? א) וועמען קלייבט מען אויס פאַר אַ פּורים־רב? ב) ווי אַזוי גייט ער אָנגעטאָן?

17. צי זיינען ביי אייך באַקאַנט פּורים־דרשות, פּורים־קידושן, פּורים־ווידויס?

18. אויב איר האָט אָדער ווייסט אַלטע מגילות מיט צייכענונגען און בילדער, געדרוקטע פּורים־וויצן, פּאַראָדיעס, פּורים־שפּילן, שיקט אונדז צו, אָדער, אויב דאָס איז ניט מעגלעך, גיט אונדז צו וויסן וואו דאָס געפינט זיך.

19. מיר בעטן אייך זייער ספּעציעל אַכט צו לייגן אויף די פּורים־שפּילן (פּונקט 10—15), ווייל זיי ווערן פאַרשוואונדן ממש פאַר אונדזערע אויגן און אויב מען וועט איצט ניט אָפּראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך, וועט אין אַ קורצער צייט אַרום שוין זיין צו שפּעט.

(געדרוקט אין יאַנואַר 1926 אַלס אַנקעטע נומ' 2)

# פּסח

מיר בעטן אייך אַלץ צו פאַרשרייבן, אַפילו דאָס קלענסטע וואָס איר וועט באַמערקן, און זאָל אייך גאָרנישט ניט אויסקומען ווינציק וויכטיק און ווערטלאָז.

1. וואָס פאַר אַ ווערטלעך, מעשיות, גלייבונגען זיינען אייך באַקאַנט, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן חודש ניסן. צ"ב: ראש־חודש ניסן איז אַ טייערער ביסן, ווער ס'שטאַרבט אין ניסן איז פריי פון חיבוט־הקבר א"אַנד.

2. קוקט זיך גוט צו און גיט אַ גענויע באַשרייבונג, ווי אַזוי זעען אויס די צוגרייטונגען צו פּסח (דאָס קאַלכן, שייערן).

3. וואָס פאַר אַ מנהגים זיינען פאַרבונדן מיט שבת־הגדול? וואָס פאַר אַ דרשות האַלט מען שבת־הגדול? וואָס פאַר אַנעקדאָטן קענט איר וועגן די דרשות?

4. וואָס כשרט מען און ווי אַזוי כשרט מען די פאַרשיידענע כלים?

5. א) ווי אַזוי קומט פאָר דאָס כשרן אין די מצה־בעקערייען (קאַלכן, נייע זעק, וואַסער צוגרייטן אאַז״וו)? ווי אַזוי פרוּווט מען אויס צי די אויוונס זיינען גענוג געכשרט? גיט אַ גענויע באַשרייבונג ווי אַזוי קומט פאָר דאָס באַקן די מצות? (ווער איז באַשעפטיקט ביים באַקן, אין וואָס פאַר אַ געשיר קנעט מען טייג, ווי אַזוי רופט מען דאָס מצה־באַקן: פּאָדריאַד אָדער צ׳נדערש?) ווי אַזוי און מיט וואָס גיבן צו וויסן די בעקערייען, אַז זיי באַקן מצות? ווער טאָר ניט אָנטיילנעמען אין דער דאָזיקער אַרבעט?

ב) ווער באַקט און ווי אַזוי קומט פאָר דאָס באַקן פון שמורה (צ״ב צו יעדן טייג דאַרף מען נעמען אַ פריש־אָפּגעסקראָבעטן וואַלגער־האָלץ)?

6. וואו און אין וואָס האַלט מען די מצות אין שטוב? (אויב דאָס זיינען ניט קיין געוויינלעכע נאָר ספּעציעלע צו דעם צוועק געמאַכטע קאַסטנס אָדער קערב — צייכנט עס אָן.)

7. א) וואו האַלט מען באַהאַלטן דאָס פּסחדיקע געשיר?

ב) ווי אַזוי זעען אויס פּסחדיקע כלים? (כוסות אא״נד).

8. ווי אַזוי קומט פאָר דאָס בדיקת־חמץ? וואָס פאַר אַ סימן איז עס, אַז מען געפינט ביי דער בדיקה אַ פאַראַיאָריקן אַפיקומן? ווער, וואו און ווי אַזוי פאַרברענט דעם חמץ?

9. וואָס זאָגט מען, אַז מען ברענגט אַריין אין קיך דאָס פּסחדיקע געשיר? (מען ברענגט אַריין דעם פּסח?)

10. א) צי פאַסט מען אין טאָג פון ערב־פּסח? ב) ווער פאַסט? ג) ווען דאַרף דער בחור ניט פאַסטן ערב־פּסח? ד) גייט מען אין דעם טאָג אויף קבר־אָבות? ה) ווען און וואָס עסט מען אויף פרישטיק ערב־פּסח?

11. ווי אַזוי קומט פאָר דאָס פאַרקויפן דעם חמץ?

12. וואָס עסט מען אויף מיטאָג ערב־פּסח?

13. גיט אַ גענויע באַשרייבונג פונעם סדר. א) ווי אַזוי גייט אָנגעטאָן דער פאָטער ביים סדר? ב) צי איז די סערוועטע מיט וואָס די מצות זיינען איבערגעדעקט אַ כלה־געשאַנק? ג) צי איז פאַראַן נאָך דער מנהג, אַז קינדער זאָלן אַרויסגנבענען דעם אַפיקומן און אים לאָזן אויסקויפן? אויב ניט, פרעגט זיך נאָך. ד) וואָס פאַר אַ מאכלים עסט מען אין די סדר־נעכט? ווי אַזוי הייסן זיי און ווי אַזוי מאַכט מען זיי? ה) ווער מאַכט אויף די טיר ביי שפוך־חמתך? ו) צי האָט איר געהערט פון אַזאַ מנהג, אַז ביים עפענען די טיר פלעגט אַ קינד אַריינגיין מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס פאַרשטעלט?

פרעגט זיך נאָך בײ אַלטע ייִדן, אפשר ווײסן זײ. וואָס דערצײלן זײ וועגן דעם? ז) צי איז אײך באַקאַנט אַ מנהג, אַז דער פאָטער זאָל נעמען אַ האַנטוך, אײנוויקל׳ען אין אים מצה און ווי אַ זעקל פאַרוואַרפן אויפן אַקסל, אַרומגײן אַרום דעם טיש און ערשט דערנאָך זיך זעצן צום סדר? ח) אין אַ טײל געגנטן איז פאַראַן אַ מנהג אײנצוהײצן דעם אויוון אין שטוב וואו מ׳ריכט אָפּ דעם סדר. דאָס זאָל זײן אַ זכר פון די אַמאָליקע בלוט-בלבולים וואָס פלעגן פאָרקומען ערב-פסח. צוליב דעם זעלבן טעם פאַרמאַכט מען נאָך הײנט צום סדר טיר און לאָדנס. פרעגט זיך נאָך אויף די מנהגים.

14. פרעגט זיך נאָך און באַשרײבט ווי אַזוי ס׳האָט אַמאָל אויסגעזען פּסח און ווי אַזוי האָט מען אַמאָל אָפּגעריכט דעם סדר בײ אײך אין שטעטל?

15. וואָס פאַר אַ מעשׂיות דערצײלט מען פון אליהו-הנביא און זײנע ניסים, וואָס האָבן געטראָפן אין די סדר-נעכט?

16. צי זײנען אײך באַקאַנט מעשׂיות פון בלוט-בלבולים און אָנשיקענישן, וואָס האָבן געטראָפן אין די ערשטע סדר-נעכט.

17. צי זײנען אײך באַקאַנט: ייִדישע חד-גדיאס און אחד מי יודע, אָדער אַנדערע פּסחדיקע לידער אויף ייִדיש (צ״ב: ווי עס קומט פּסח; זיצן מיר בײם סדר; די מאַמע איז אַ מלכּה).

18. א) ווי אַזוי זעט אויס חול-המועד אין שטעטל און אין שטוב? (באַזוכן, חתונות, נײע אָפּמאַכן מיט מלמדים, דינסטן א״אַנד). ב) וואָס עסט מען חול-המועד-פּסח אויף צובײסן, מיטאָג און אָוונטברויט? ווי אַזוי הײסן די פּסחדיקע מאכלים און ווי אַזוי מאַכט מען זײ? וואָס פאַר אַ געטראַנקען זײנען די באַליבטסטע פּסח (מעד, ווײן)? ג) אין אַ טײל געגנטן טראָגט מען אַרום אַחרון-של-פּסח איבערן שטעטל אַ שמאַטע-פיגור. מען רופט זי „חמצדיקער ברכו״. צי איז אײך באַקאַנט דער מנהג? אויב ניט, פרעגט זיך נאָך.

19. אין וואָס שפּילן זיך קינדער פּסח-צײט (ניס א״דגל)? ווי אַזוי הײסן די שפּילן? ווי אַזוי שפּילט מען זיך אין זײ?

20. צי זײנען אײך באַקאַנט פּסחדיקע פאָרשטעלונגען?

21. צי איז פאַראַן בײ אײך דער מנהג פון שפּאַלטן דעם ים שביעי של פּסח אין שול אָדער אין שטוב נאָכן סדר?

22. צי זײנען בײ אײך פאַראַן אַלטע הגדות מיט בילדער, מיט שײנע שער-בלעטער? אויב איר קענט, פאָטאָגראַפירט זײ, אָדער שיקט זײ אונדז צו, אויב ניט, גיט אונדז צו וויסן וואו דאָס געפינט זיך.

23. אויב ס׳איז פאַראַן בײ אײך אַ נאָטן-קענער, פאַרשרײבט די ניגונים וואָס ווערן געזונגען אין דער סדר-נאַכט, און בכלל פון לידער וואָס ווערן געזונגען פּסח.

24. ווי אַזוי האָט מען אַמאָל, אָדער ווי אַזוי ווערט נאָך איצט אָפּגעריכט פּסח ביי די חסידים און גרויסע רבנים?

25. צי קענט איר מעשיות וועגן דעם ווי אַזוי ס'האָבן אַמאָליקע קאַנטאָניסטן אָפּגעריכט דעם סדר?

26. ווי אַזוי האָט אויסגעזען פּסח אין דער מלחמה און אין דער צייט פון אָקופּאַציע?

27. צי קענט איר מעשיות פון ניט-יידישע געסט (פּריצים, משומדים) ביי יידישע סדרים?

28. צי זיינען אייך באַקאַנט אַנעקדאָטן ווי אַזוי ישובניקעס ריכטן אָפּ דעם סדר.

(געדרוקט אין מערץ 1926 אַלס אַנקעטע נומ' 3)

# ספירה און ל"ג-בעומר

## A. ספירה

1. וואָסערע מנהגים זיינען פאַרבונדן מיט די ספירה-טעג?

2. אין אַ טייל שטעטלעך זיינען נאָך פאַראַן אַלטע לוחות געמאַכט ספּעציעל צו ספירה, אַזויגערופענע „ספירה-לוחות", מיט שיינע פאַרצירונגען און צייכענונגען. פרעגט זיך נאָך אויף זיי, דערגייט וואו זיי זיינען נאָך פאַראַן און זעט זיי פאַר אונדז צו באַקומען. יעדנפאַלס גיט אונדז וועגן דעם צו וויסן.

## B. ל"ג-בעומר

1. זאַמלט צונויף ידיעות וועגן אַמאָליקן ל"ג-בעומר ביי אַלטע לייט, וואָס געדענקען אים נאָך פון זייערע חדר-יאָרן.

2. פאַרשרייבט גענוי ווי אַזוי זעט אויס דער יומטוב היינט: אין די חדרים וואו ער איז געבליבן נאָך אין דער אַלטער פאָרם, אין אַ נייער יידישער שול אאַז"וו.

3. ווי אַזוי קומען פאָר די צוגרייטונגען צום יומטוב.

4. ווי אַזוי פאַרברענגען קינדער און דערוואַקסענע דעם טאָג. אין וואָס שפּילן מייסטנס די קינדער. וואָסערע ספּעציעלע קאַמף- און שפּיל-מכשירים מאַכן די קינדער און פון וואָס.

שיקט אונדז צו מוסטערן פון פיילנבויגנס, פיילן, פענדלעך אאַז"וו.

(געדרוקט אין מאַי 1926 אַלס אַנקעטע נומ' 4)

# שבועות

1. גיט אונדז אַ גענויע באַשרייבונג פון שבועות ביי אייך (אויב ס'איז מעגלעך אויך ווי עס האָט אויסגעזען שבועות אַמאָל אין די „גוטע יאָרן").

2. וואָסערע מאכלים און געבעקסן באַקט מען און גרייט מען צו אויף שבועות?*

3. וואָסערע גלייבונגען, לידער, מעשיות, ווערטלעך זיינען אייך באַקאַנט, וואָס האָבן אַ שייכות צום דאָזיקן יומטוב (למשל וועגן דעם ווי אַזוי דער הימל שפּאַלט זיך אין דער שבועותדיקער נאַכט)?

4. מיט וואָס באַפּוצט מען און באַהענגט מען די שטוב? וואָסערע גרינסן נעמט מען? צי באַפּוצט מען די שטוב פון דרויסן אויך אָדער נאָר פון אינעווייניק?

5. צי איז פאַראַן ביי אייך דער מנהג צו באַפּוצן די פענצטער מיט „רייזעלעך" אָדער „שבועותלעך" (אָדער ווי אַזוי הייסן זיי אַנדערש)? פון וואָס מאַכט מען דאָס, וואָס שטעלט דאָס פאָר און ווי אַזוי פאַרטיקט מען דאָס צו? אויב דער מין איז ביי אייך פאַראַן, שיקט אונדז צו אומבאַדינגט מוסטערן.

אויב נישט, ווערט געוואויר צי האָט מען ווען געמאַכט אַזעלכע.

א) פון וואָס פלעגט מען זיי מאַכן און ווי אַזוי?

ב) וואָס האָבן זיי פאָרגעשטעלט?

6. צי האָבן קינדער ספּעציעלע שפּילן אויף שבועות?

7. ווי אַזוי רופט מען די גויאישע „שבועות"? (גרין-חגא?)

(געדרוקט אין מאי 1926 אלס אנקעטע נומ' 4)

# תשעה-באָב

1. וואָס פאַר אַ מנהגים זיינען פאַרבונדן מיט די „דריי וואָכן" (צ"ב: מען טאָר זיך ניט שערן, ניט שלאָפן אויף קיין האַרטן געלעגער, אאַז"וו), און וועלכע מיט די „ניין טעג" (צ"ב: מען טאָר ניט האַנדלען מיט קיין גוי, ווייל מען וועט פאַרלירן)?

מיט וואָס דערקלערט דאָס פאָלק די דאָזיקע מנהגים?

2. גיט אונדז אַ באַשרייבונג פון תשעה-באָב ביי אייך און פון די מנהגים וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם טאָג.

3. וואָס עסט מען אויף דער סעודת-המפסקת?

4. מיט וואָס פאַרנעמען זיך די קינדער?

---

* זע די הערה אויף ז' 8.

# ימים נוראים

## A. אלול

1. וואָס פאַר אַ מנהגים, גלייבונגען, מעשיות זענען פאַרבונדן מיט דער סליחות-צייט? באַשרייבט ווי אַזוי מען וועקט, רופט (אָדער פלעגט וועקן, רופן) צו סליחות.

2. וואָס פאַר אַ ווערטלעך, לידער, זאַבאַבאָנעס אד"ג זענען פאַרבונדן מיטן חודש אלול (למשל: „ראש-חודש אלול ציטערט אַ פיש אין וואַסער")?

3. צי האַלט מען (אָדער האָט מען געהאַלטן) ביי אייך אַלס אַ כּלל פון די תּעניתים: פון א' אלול ביז יום-כּפּור, ערב-ראָש-השנה?

## B. ראָש-השנה

4. צי איז ביי אייך אָנגענומען דער מנהג פון שיקן לשנה-טובהס? ווער צו וועמען שיקט? צי שרייבט מען אָדער מאָלט מען זיי אַליין? שיקט צו מוסטערן פון אייגן-געמאַכטע לשנה-טובהס, איבערהויפּט פון אַמאָליקע.

5. צי זענען פאַראַן וועלכע ס'איז ספּעציעלע איינפירן ביים דינגען „שטעט" אויף ימים-נוראים?

6. דערציילט וועגן מנהג צו באַנייען צו ראָש-השנה (בגדים, כּלים). ווי אַזוי זאָגט מען, ווען מען זעט יענעם אין אַ נייעם בגד?

7. וואָס פאַר אַ מנהגים זיינען אָנגענומען אין באַציאונג צו אַנדערע מענטשן (טיילן צדקה מיט אַ פולער האַנט, געבן איבער וואָג און מאָס, מחילה-בעטן).

8. צי איז ביי אייך פאַראַן דער מנהג פון מחילה-בעטן ביי געשטאָר-בענע פאַר ראָש-השנה אָדער אום ראָש-השנה?

9. וואָס קענט איר דערציילן וועגן חזנים און משוררים אויף ימים-נוראים?

10. וואָס פאַר אַ ווינטשעניש ווערן געברויכט אום ראָש-השנה און ווען („דערלעבט איבער אַ יאָר אַלע אינגאַנצן", „אויף אַ פולן יאָר" אאז"וו)?

11. ווי אַזוי זעט אויס די שול (דער בית-המדרש) אום ר"ה (ווייסער פּרוכת אדג"ל)? צי זיינען פאַראַן וועלכע באַזונדערקייטן ביים דאַווענען, ביים פאַרקויפן עליות?

12. וואָסערע איינגלייבעניש אאַז"וו זיינען פאַרבונדן מיטן שופר-בלאָזן? ווי אַזוי איז דער מנהג פון גיין הערן שופר-בלאָזן (ווייבער, קינדער)? וואָס ווייסט איר וועגן בעל-תּוקעס?

13. צי זיינען ביי אייך באַוואוסט זאַבאַבאָנעס וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ר"ה, למשל: מען טאָר ניט שלאָפן בייטאָג; מען טאָר ניט קערן די שטוב, מען טאָר ניט וויינען; מען דאַרף האָבן ביי זיך אין שטוב מער געלט ווי

אַלעמאָל? וואָסערע דערקלערונגען ווערן דערויף געגעבן?

14. וואָסערע לידער (אין יידיש, העבּרעאיש, אַנדערע שפּראַכן) זיינען אייך באַוואוסט וועגן ר"ה? פאַרשרייבּט די ווערטער און די ניגונים.

15. וואָסערע מאכלים ווערן געמאַכט אויף ר"ה (למשל: קיילעכדיקע פאַרפל, לעבּעדיקע פיש, פעטע פלייש)? צי עסט מען ר"ה דווקא מערן, ריבּן, צי פאַרלאַנגט מען דעם קאָפּ פון אַ באַראַן, פון אַ פיש? וואָסער געבּעקס ווערט געבּאַקן? צי ווערן געגעבּן דערקלערונגען אויף די אַלע זאַכן?

16. באַשרייבּט דעם מנהג פון גיין צו תשליך. וואָסערע מעשיות, אַנעקדאָטן אדג"ל זיינען דערמיט פאַרבּונדן?

## C. עשרת ימי תשובה

17. צי ווערן ניט די עשרת ימי תשובה אָנגערופן "עשרת ימי רחמים" (ווי ביי די קאַראַאימען)?

18. ווען און ווי אַזוי קומט פאַר דאָס פעלדמעסטן?

19. וואָסערע מנהגים זיינען פאַרבּונדן מיט צום-גדליה (גיין אויף קבר-אָבות, שטעלן מצבות אאז"וו)?

20. שבת-תשובה.

## D. יום-כפור

21. צי גייען דערעיקרשט מאַנצבּילן אויפן פעלד ערב יום-כפור? צי פאַרבּייסט מען ביים אַראָפּגיין פון פעלד מיט לעקעך-און-בראָנפן? צי זיינען אייך באַקאַנט לידער וואָס אַלטע ווייבּער זינגען ביים דרייען די וועקסענע ליכט פאַר יום-כפור?

22. דאָס כפרות-שלאָגן: מיט וואָס, צי פאַרבּייסט מען נאָכן כפרות-שלאָגן מיט ספּעציעלע לאָבּונגען (פּירעשקעס, טייגלעך)? ווערטלעך און אַנעקדאָטן וואָס זיינען פאַרבּונדן מיט כפרות-שלאָגן.

23. דערציילט וועגן מחילה-בעטן, ווידוי, מלקות, צי איז פאַראַן אַ מנהג צו בענטשן די קינדער ערב יו"כ?

24. דאָס פאַרפאַסטן. ספּעציעל געבּעקס (חלות מיט לייטערס אדג"ל). וואָסערע געריכטן מיידט מען אויס און פאַרוואָס?

25. וואָסערע ליכט ווערן געשטעלט אין שטוב און בית-המדרש? וואָס פאַר אַ נעמען האָבּן זיי און פאַרוואָס (נשמה-ליכט און אדג"ל)? צי איז פאַרשפּרייט די גלייבּונג, אַז אויבּ אַ ליכט וועט פאַרלאָשן ווערן, וועט עמיצער שטאַרבּן?

26. וואָסערע גלייבונגען זיינען פאַרבּונדן מיט כל-נדרי (למשל: די געשטאָרבּענע באַטייליקן זיך אין דער תפילה)?

27. צי ווייסט איר מעשיות וועגן פאַסירונגען מיט קליינע קינדער אין דער צייט ווען די עלטערן זענען געוועזן צו כל-נדרי?

28. צי ווייסט איר פּאַקטן אָדער מעשיות וועגן באַזוך פון קריסטן (משומדים) צו כל־נדרי?

29. ווי אַזוי פאַרלייכטערט מען זיך דעם תּענית (טראָפּנס אד״גל)?

30. וואָסערע אויסדריקן פון די ימים־נוראימדיקע תּפילות זיינען אַריין אין יידיש (למשל: „גאָך אַלע היומס״).

31. ווי אַזוי גייט מען צוריק פון שול (למשל: מיט ברענענדיקע שטיק־לעך ליכט)?

32. צי איז ביי אייך אָנגענומען אַריינצוקלאַפּן אַ פלעקל פון סוכה מוצאי יו״כ? ווי אַזוי טוט מען ביי אַ פּאַרטיקער סוכה?

33. צי זיינען אייך באַוואוסט לידער אין וועלכער עס איז שפּראַך וועגן יו״כ? פאַרשרייבט די ווערטער און די ניגונים.

(געדרוקט סעפּטעמבער 1926 אלס אנקעטע נומ׳ 7)

# סוכּות

## A. די ערשטע טעג

1. גלייבונגען וואָס זיינען פאַרבונדן מיט בויען די סוכה. דער אָנטייל פון די קינדער. אויב ס׳זיינען געווען (אָדער פּאַראַן) ביי אייך וועלכע ס׳איז אויסערלישע סוכּות, שיקט צו צייכענונגען.

2. מיט וואָס (סכך, שטרוי, ווערבע־צווייגן) און ווי אַזוי דעקט מען די סוכּה? ווי אַזוי ווערט זי באַפּוצט פון אינעווייניק (פייגל פון אייער אד״גל) און פון אויסנווייניק? ספּעציעלע אויפשריפטן.

3. ווער נעכטיקט אין סוכּה?

4. שותּפישע סוכּות.

5. כּלים און מאכלים אין סוכּה.

6. צי איז פאַראַן אַ מנהג צו באַוואַרפן די קינדער אום סוכּות מיט ראָזשינקעס?

7. אתרוג־בענטשן, אתרוג־געלט, קהלשער אתרוג. צי זיינען פאַראַן ספּע־ציעלע אתרוג־טרעגער? שיקט צו זייערע פאָטאָגראַפיעס.

8. צי זיינען אייך באַוואוסט לעגענדעס וועגן באַזוך פון די אָבות אין סוכּה?

9. ווי אַזוי האָט אויסגעזען סוכּות אין דער צייט פון מלחמה און אָקופּאַציע?

10. וואָסערע ווערטלעך זיינען אייך באַוואוסט וועגן אתרוג, לולב, פּיטום (למשל: „דער אתרוג קאָסט דאָס גאַנצע געלט און איבערן לולב מאַכט מען די ברכה״)?

11. וואָסערע לידער און ניגונים ווערן געזונגען צו סוכּות? פאַרשרייבט זיי.

12. ווי אַזוי זעט אויס חול-המועד אין גאַס און אין שטוב?
13. צי ווערט געפּראַוועט שמחת בית-השואבה? אויב יאָ, איז ווי אַזוי?

## B. הושענא רבה, שמיני-עצרת, שמחת-תורה

14. גלייבונגען וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ה"ר (עס שפּאַלט זיך דער הימל אאַז"וו).
15. ווי אַזוי ווינטשט מען ה"ר?
16. פאַרוואָס שלאָגט מען הושענות? ווי אַזוי רייסט מען די הושענות?
17. וואָס ווייסט איר וועגן הושענות אַלס סגולה (אין וועג)?
18. צי פאַרברענט מען די הושענות ערב-פּסח צוזאַמען מיטן חמץ?
19. צי זענען אייך באַוואוסט פאַראַדיעס אויף „קול מבשר"?
20. צי איז פאַראַן (אָדער געווען) דער מנהג פון איינגעבן אַ ריייניקייט אין דער נאַכט פון ה"ר?
21. צי ווערן אין דער נאַכט פון ה"ר איינגעאָרדנט יאָריקע אסיפות פון חברות (קדישא, תהילים)?
22. צי ווייסט איר לעגענדעס וועגן ענדיקן און אָנהייבן די תורה אום שמחת-תורה?
23. הקפות אַמאָל און איצט. פאַרווייַלונגען ערב די הקפות (פאַרשטעלן זיך און טאַנצן אויף די טישן).
24. צי איז פאַראַן ביי אייך דער מנהג צו גיין מיט אַ שמאַטע-פיגור אום שמיני-עצרת איבערן שטעטל?
25. צי איז אייך באַקאַנט דער מנהג פון שיקן שלח-מנות אום שמחת-תורה? וואָס שיקט מען?

דער מנהג איז אַן אַלטער; ס'קען זיין, אַז נאָר אַלטע לייט געדענקען אים נאָך. פרעגט זיך נאָך.

26. ווערטלעך וואָס זיינען פאַרבונדן מיט הושענא-רבה, שמיני-עצרת, שמחת-תורה, הקפות אאַז"וו.
27. קינדער-פאַרווייַלונגען און שפּילערייען ש"ת (פענער אאַז"וו). צי שיסן ביי אייך די קינדער פון קאַפּסלשיסער? שיקט צו מוסטערן פון די שפּילעכצן.
28. ווי אַזוי פאַרברענגען שמחת-תורה די דערוואַקסענע? צי טרינקט מען בראָנפן אין בית-מדרש?
29. צי איז פאַראַן (אָדער געווען) אַ מנהג צו פאַרברענגען דעם סכך אויפן שול-הויף? צו פאַרברענגען די סוכה מוצאי שמחת-תורה?

(געדרוקט סעפּטעמבער 1926 אַלס אַנקעטע נומ' 7)

# חנוכה

מיר בעטן אייך אונדז צוצושיקן אַ גענויע באַשרייבונג פון חנוכה אַמאָל און היינט. ספּעציעל שטעלט זיך אָפּ אויף די ווייטער אויסגערעכנטע פראַגן:

1. צי שפּילן חנוכה-צייט קלעזמער אין די בתי-מדרשים? צי האָבן זיי אַמאָל געשפּילט? וואָס פאַר אַ ניגונים? אויב איר קענט, פאַרשרייבט די נאָטן פון די ניגונים; אויב ביי אייך זיינען קיין נאָטן-שרייבער נישטאָ, גיט אונדז צו וויסן וועגן דעם.

2. ווי אַזוי פלעגט מען פאַרברענגען אַמאָל די חנוכה-אָוונטן? ווי אַזוי פאַרברענגט מען זיי היינט?

3. אין וואָסערע שפּילן שפּילט מען זיך געווינלעך? ווי אַזוי הייסן די שפּילן און אין וואָס באַשטייען זיי? צי שפּילט מען זיך נאָך היינט אין קוויטלעך? צי מאַכט מען זיי אַליין? שיקט אונדז צו מוסטערן פון אַמאָליקע און היינטיקע קוויטלעך. אין וואָס שפּילן זיך מיידלעך און פרויען? אין וואָס שפּילן זיך קינדער?

4. ווי אַזוי הייסן דריידלעך אין אייער געגנט (טענדערל, גאָר אאַז״וו)? שיקט אונדז צו מוסטערן פון דריידלעך.

5. צי קענט איר ניט באַקומען פאַר אונדזער מוזיי שיינע אַלטע חנוכה-לעמפּלעך? אויב ניט, שיקט אונדז צו פאָטאָגראַפיעס, צייכענונגען, באַשרייבונגען פון זיי.

6. צי זיינען אייך באַקאַנט ספּעציעלע חנוכה-קאַטאָוועסן?

7. וואָסערע לידלעך און ווערטלעך זיינען אייך באַקאַנט אין שייכות מיט חנוכה?

וואָסערע מאכלים מאַכט מען ספּעציעל אויף חנוכה?

(געדרוקט יאַנואַר 1927 אַלס אַנקעטע נומ׳ 9)

# חמִשה-עָשר-בשבַט

1. גיט אונדז אַ באַשרייבונג ווי אַזוי דער יום-טוב ווערט היינט געפּייערט. פרעגט זיך נאָך ביי עלטערע ווי אַזוי ער האָט אַמאָל אויסגעזען.

2. וואָס פאַר אַ פרוכטן עסט מען אין דעם טאָג?

3. וואָס דערציילט מען וועגן דעם יום-טוב?

---

## הוספות

1. ט״ו כסלו פאַסטן אין אַ טייל געגנטן די חברה-קדישא-לייט. נאָכן

תענית מאַכט מען סעודות, ס׳ווערן אויסגעפירט פאַרשיידענע מנהגים. בכלל האָבן די חברות אויפגעהיט זייער אַ סך אינטערעסאַנטע מנהגים נאָך ביזן היינטיקן טאָג. פרעגט זיך נאָך ביי אַלטע חברה־לייט, זוכט אויף זייערע פנקסים און שיקט זיי אונדז צו אָדער גיט אונדז וועגן דעם צו וויסן.

2. ניטל. א) צי פאַרדעקט מען ביי אייך אין דער נאַכט פון ניטל אַלע פליסיקע זאַכן און וואָסער דערקלערונג ווערט דערויף געגעבן.

ב) צי לערנט מען ניטל אין די חדרים און אויב ניט, טאָ פאַרוואָס?

ג) וואָסערע אַנדערע מנהגים, גלייבונגען, דערציילונגען ביי יידן זיינען אייך באַקאַנט אין שייכות מיט ניטל?

ד) צי זיינען באַקאַנט ביי אייך „תולדות ישו״־טעקסטן אין יידיש אָדער העבּרעאיש? אויב יאָ, שיקט זיי צו אין אָריגינאַל אָדער צום ווייניקסטן אין פּינקטלעכע קאָפּיעס.



## סעריע „אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט“:

1. די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער וויסנשאַפט. נ. שטיף: וועגן אַ יידישן אַקאַדעמישן אינסטיטוט. ווילנער טעזיסן וועגן אַ יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט. דריטע געבעסערטע אויפלאַגע. ווילנע, 1925. 40 זייטן. פּרייז 1 גילדן, 20 סענט.

2. פֿאָרבאַראַטונג וועגן דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (7—12 אויגוסט 1925). בערלין, 192. (אויספֿאַרקויפֿט)

3. צוויי יאָר אַרבעט פֿאַר דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (1925--1927). ווילנע, 1927. פּרייז 1.50 גילדן, 30 סענט.

4. עטנאָגראַפֿישע אַנקעטעס, העפֿט 1: יומטובים. ווילנע, 1928. פּרייז 50 גראָשן, 10 סענט.

אין סעפּטעמבער 1928 גייט אַרויס פון דרוק:

5. וואָס איז אַזוינס עטנאָגראַפֿיע? (האַנטביכל פֿאַר זאַמלער).

אדרעסן:

Towarzystwo Przyjaciół Żydowskiego Instytutu Naukowego,
W. Pohulanka 18, Wilno.

אין דייטשלאַנד:

E. Tscherikower, Berlinerstr. 8, Berlin—Wilmersdorf.

אין אַמעריקע:

Yiddish Scientific Institute, American Branch, 1133 Broadway,
New York City (Room 1026).

אָדער:

Dr. J. Shatzky, 3451 A. Giles Place, New York.